פאַרלאַג „לעבן".

№ 4. ביאָגראַפישע סעריע.

א. דאָבקאָווסקי.

# קאַרל ליבקנעכט



פרייז 2 רובל.

מאסקווע.

דרוקעריי „עתיד", לאַלין פער. 19, טעל. 33-60

1919.

# קאַרל ליבקנעכט.

(זיין ביאָגראַפיע און טעטיגקייט.)

## I.

קאַרל ליבקנעכט איז שוין לאַנג געוואָרן דער סימוואָל פון פעלקער-אַחדות.

כל זמן ער האט געשמאַכט פאַר זײַן מוטיקן קאַמף מיט דער דײַטשער רעאַקציע אין געפײַנקעניש האט זיך צו אים געצויגן די טיפסטע סימפאַטיע פון אַלע אָרענטליכע דענקער און קעמפער.

זײַן בעפרײַאונג האט בײַ אַלע זײַנע פרײַנד אין דער גאַנצער וועלט אַרויסגערופן די גרעסטע שמחה און צופרידנהײַט.

אָבער מער פון אַלעמען האט זיך דערפרײַט מיטן פאַקט דער רעוואלוציאָנערער רוסישער פראָלעטאַריאַט.

באַ דער ערשטער ידיעה פון בערלין וועגן זייַן בע־פרייַאונג — מאַרשירט דער רוסישער אַרבייַטער שטור־מיש איבער אַלע גאַסן מיט די אויסרופן: „זאל לעבן קאַרל ליבקנעכט!”. פון אַלע עקן לאַנד ווערן געשיקט באַגריסונגס־טעלעגראַמעס און דער אַרבעטער־קלאַס עפנט אונטער זייַן נאָמען אַרבעטער קלובן. דער רוסי־שער פראָלעטאַריאַט זאָגט דערבייַ אָפן אַרויס, אַז ער וואַרט פון ליבקנעכטן אַ גרויסע הילף אין זייַן שווערן קאַמף מיט די וועלט רויבער, אַז ער האָפט מיט פולער זיכערהייַט צו זעהן אין זייַן געשטאַלט דעם אמת'ן טאַלאַנטפולן אָנפירער פון דייַטשען אַרבעטער קלאַס, און ער דאַרף אים פירן צום פולן, ענדליכן נצחון פון סאָציאַליזם.

אויף וואס איז געגרינדעט אָט דער דאָזיקער טי־פער גלויבן אין דעם מענטשן באַ דעם רוסישן פראָלע־טאַריאַט? צי וועט ער זיך ניט אָפנאַרן אין זייַן האפנונג?

נור אויף דעם, וואס קאַרל ליבקנעכט איז ניט קייַן גאַסט אין אונזערע רייַען, וואס מיר קענען אים שוין ניט פון נעכטן אן אַלס אַנ'אַקטיוון קעמפער. די מלחמה, געפייַנקעניש האבן נאך פאַרשטאַרקט סייַ זייַן פאַרשטאַנד סייַ זייַן ווילן און שטאַרקן כאַראַקטער. זייַן גאַנצער לעבן זאגט עדות, אַז ער וועט פון זייַן וועג ניט אָפּטרעטן, ניט פעלשן, אַז ער וועט געפינען אין זיך גענוג פיזישע און מאָראַלישע כחות צו דערפירן

די זאַך פון אַרבעטער קלאַס ביזן סוף. ס'איז געגוג אַרויסצורופן אין אונזער זכרון רעאַלע פאַקטן פון זיין שטורמישן לעבן, דערמאָנען און דערציילן זיין ביאָגראַפיע, כדי מיר זאלן באַלד מיט דעם מסכים זיין.

נאר כדי בעסער צו פאַרשטיין קאַרל ליבקנעכטן מוז מען פריהער ריידן פון זיינע עלטערן, פון דער גייסטליכער ירושה, וואס זיי האבן אים איבערגעלאָזן.

II.

# ליבקנעכטס עלטערן.

„דאס עפּעלע פאַלט ניט ווייט פון בוים" זאגט אַ פאָלקס-שפּריכוואָרט.

קאַרל ליבקנעכט איז געבוירן געוואָרן דאַן, ווען זיין פאָטער ווילהעלם ליבקנעכט איז געזעסן אין געפיינקעניש פאַר זיין באַשיצן די אינטערנאַציאָנאַלע אידייען אין 1871-טן יאָר, פאַר זיין העפטיקן אַרויסטרעטן קעגן דעם דייטש-פראַנצויזישן קריג אין נאָמען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער סאָלידאַריטעט.

נאכדעם, ווי די דייטשע ראַדיקאַלן האבן אין די 40-סטע יארן שענדליך געפעלשט די רעוואָלוציאָנערע אידייען, איז ער אַריבער צום סאָציאַליזם און אינטערנאַציאָנאַליזם און ניט אויפגעהערט ערנסט דינען דעם אַרבעטער-קלאַס. די רעוואָלוציאָנערע פּרינ-

ציפן פון סאָציאַליזם און אינטערנאַציאָנאַליזם בלייַבן דעם אַלטן ליבקנעכטן טײַער און ער פאַרהיט זײַ אין די שווערסטע און ערגסטע יארן פון דער רעאַק־ציע, וואס האט זיך איבערהויפּט פאַרשטאַרקט אין דײַטשלאַנד אין דעם יאר 1871 נאך איר זיג איבער פראַנקרייך און נאכן פאַלן פון דער פאַריזער קאָמונע, אין דער עפּאָכע, ווען וועלכע ניט איז האָפנונגען אויף אַ רעוואָלוציע זײַנען געווארן אַבסאלוט אומעגליך.

דער רעוואָלוציאָנערער גייסט, זעהען מיר, פאַר־בלײַבט אין אים אַפילו דאַן, ווען אין זײַנע עלטערע יארן שוין, אין סוף פון 19־טן יאר הונדערט, בײַט אום די דײַטשע רעגירונג און די בורזשואַזיע איר פאַר פאָלגונגס פאליטיק קעגען די סאָציאַל דעמאָקראַטן און גיט זײַ די מעגליכקײַט פאָלקאם זיך לעגאַליזירן, וואס רופט אַרויס און פאַרשפּרייט דעם טיפּסטן אפּארטוניזם אין דער פאַרטײַ. דער גרעסטער טייל אָנפירער, אפּן צי פאַרמאַסקירט, הויבט אן אַרויפצולייגן אַלע האָפ־נונגען אויפ'ן פאַרלאַמענט, אויף לעגאַליזאַציע, זינגען לי־דעלאַך דער נײַער גאָלדענער צײַט, ווען דער סאָציאַ־לער קאָנפליקט, דער קלאַסן אַנטאגאָניזם קען זיך מיט מזל ברכה לעזן אהן „דעם דאנער־וועטער"—די רעוואָ־לוציע און באַריקאַדן(?). דעם אַרבײַטער בלײַבט נור רוהיג — נאך ענגעלס אויסדריק — „רויטע בעקלאַך" זיך אנפּאַשן...

דער אַלטער ליבקנעכט אַליין קעמפט קעגען די אפּאָר־
טוניסטן, בלייבענדיק טריי זיינע אַלטע רעוואָלוציאָנערע
אידעאַלן און מעטאָדן.

און די צוואה זיינע לאָזט ער איבער זיין יונגן זון
קאַרל ליבקנעכט, וועלכער איז מיט זיין הייסן און
פעסטן כאַראַקטער געראָטן אין זיין פאָטער.

אַ זעלטענע פּערזאָן, אַלס פרוי, איז געווען אויך זיין
מוטער, נאַטאַליע ליבקנעכט. זי האָט אויך גענוג מיט־
געהאָלפן איינצופּלאַנצן אין איר קאַרלן גוטע רעוואָ־
לוציאָנערע ווארצלן.

די איידעלע פרוי האָט אַפילו נאָך איר מאַנס טויט
ניט איבערגעריסן אירע פאַרבינדונגען מיט דער רע־
וואָלוציאָנערער וועלט, ניט אויפהערנדיק צושטיצן די
רעוואָלוציאָנערן מיט וואָס זי האָט נור געקענט.

אַזוי זעהען מיר ווי זי זוכט צוהעלפן און פאַר־
גרינגערן די לאַגע פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערן,
וואָס געפינען זיך אין בערלין. אין די שווערסטע צייטן
פון דער רוסישער צאַרישער רעאַקציע, ווען די דייטשע
רעגירונג, כדי צו נושא חן צו זיין באַ ניקאָלאַיען און
זיינע זשאַנדאַרמען, פאַרפאָלגט אהן אויפהער די רוסישע
עמיגראַנטן, עפענט נאַטאַליע ליבקנעכט ברייט אויף
איר הויז פאַר די רוסישע רעוואָלוציאָנערן.

דאָס ברייננגט, אגב אורחא, צו נאָך אַ דריטן וויכ־
טיקן פאַקטאָר, וועלכער ווירקט אויף דעם יונגען ליב־

קנעכטן, אויף זיַין כאַראַקטער און זיַינע סימפּאַטיעס. באַ זיין מוטער אין שטוב זעהט ליבקנעכט שטענדיק רוסישע רעוואלוציאנערען, חברט זיך מיט זיי, באַ־העפט זיך מיט זיי, באַקאָנט זיך נאהענט מיט דער רוסישער רעוואלוציע אין דרינגט זיך דורך מיט זייער הייסער ליבע צו רעוואלוציע, צום אַקטיוון שע־פענדן קאַמף (ער האט אַפילו חתונה געהאַט מיט אַ רוסיש מיידל).

אָט אַזוי איז, אונטער די דאזיקע ווירקונגען פונם חוט המשולש, פון די דריי גרויסע פאַקטארן־לערערס אויסגעוואַקסן און זיך ערצויגן דער יונגער קאַרל ליב־קנעכט, האט זיך פארמירט זיַין כאַראַקטער.

דער אַלטער טאַטע, די אַלטע מאַמע און די רו־סישע רעוואלוציע זיי אַלע זאַלבעדריט האבן אים גע־לערנט טיף און אמת ליבן דעם אַרבעטער קלאַס, האבן באַשאַפן אַרום אים אַנ׳אַטמאָספער פון די גרע־סטע איבערגעבענהייט צו די אידייען פון אינטערנאַ־ציאָנאַל און רעוואלוציע, אַנ׳אַטמאספער פון טיפסטן גלויבן, אַז עס וועט קומען אומבאַדינגט דער גרויסער טאג פון דער אַלוועלטליכער רעוואלוציע, ווען דער אַרבעטער קלאַס וועט אַראפוואַרפן פון זיך דעם יאָך פון קאַפּיטאַליזם.

III.

# דער יונגער ליבקנעכט.

איינע פון די בעסטע מעלות, וואס דער יונגער ליבקנעכט האט גע'ירש'עט פון זיין טאטן, באשטייט אין זיין רעוואלוציאנערן גייסט.

ניט דער גייסט פון פלאטאנישע טרוימען וועגן א גליקליכן בעפרייאונגס טאג, וואס דארף אליין קומען און אין א גוטער שעה מזכה זיין די מענטשהייט, ניט אין א פאסיוון אפווארטן די סאציאלע רעוואלוציע, נאר אדרבה, אין פארשטיין די נויטיגקייט פון א שטענדיקער טעטיגקייט, אזא טעטיגקייט, וועלכע וועקט די מאסן, פארשארפט די קלאסן קאנטראסטן. נאך דער מיינונג פון ליבקנעכטס נאהנטע בעקאנטע, איז אים אפילו שווער זיך פארצושטעלן אהן דעם כאראקטעריסטישן שטריך זיינעם, אהן זיין שטענדיקן שטרעבן צום אקטיוון קאמף, די שטריכן, וועלכע שיידן אים אזוי אונטער פון אנדערע אנפירער פון דייטשן פראלעטאריאט. זיינע געגנער האבן אים נאכהער פאר די מדות זיינע אפט באשולדיקט, אז ער זוכט פאפוליאריטעט, יאגט זיך נאך סענסאציעס, אז ער האט ליב פארשיידענע דעמאנסטראטיווע ארויסטרעטונגען, ברענעדיקע עמאצעס. די אלע באשולדיגונגען האבן אבער קיין באדן ניט אונטער זיך. זיי באווייזן נור, אויף וויפל זיינע געגנער

האבן, אַדאַנק זײַער צופּוילטקײַט דורכן אָפּורטוניזם, פאַרלארן אַפילו די פּײַהיגקײַט צו פאַרשטײַן און אָבּ־צושאַצן די אמתע, וויכטיקע רעוואלוציאָנערע מדות און מעלות פון קומענדיקן גרויסן אָנפירער, טיפן פּסיכאָ־לאָג פון דער מאַסן באַוועגונג. דאס, וואס זײַנע געגנער געפעלט אין אים ניט, איז זײַן רעוואלוציאָ־נערער אינסטינקט, וועלכער האט אים שטענדיק אונ־טערגעזאגט, אַז די מאַסן קען מען ניט ברײַנגען אין באַוועגונג דורך פלפולים מיט וויסנשאַפטליכע טע־זיסן, אַז דער אמת׳ער וועג צו ווירקן אויף זײ איז אָנווײַזן אויף די פאַקטן פון לעבן, ווירקן אויף זײַער געפיל, אויף זײַער פאַנטאַזיע, וואס האבן נאהנסטע שײַכות צו זײַער מאגן; אַז די מאַסן קען מען ברײַנ־גען אין באַוועגונג ניט מיט אַרויסטראגן רעזאָ־לוציעס, מיט דיסקוסיעס, ניט מיטן שרײַען אין דער לופט, נאר רופענדיק זײ צו איבעראַנדערשן די עקזעסטירענדע לעבנס־באַדינגונגען.

צו דער צײַט, ווען קאַרל ליבקנעכט האט זיך גע־קליבן אַרויסטרעטן אויף דער פאליטישער אַרענע, האט אין דער גאַנצער כמעט סאציאַליסטישער וועלט גע־הערשט דער אפּארטוניזם. אויפן סאציאַליסטישן הימל האבן ווײַט געלויכטן „די שטערן״ פון פאַרשײַדענע רעוויזיאניסטן, מילעריאַניסטן, בערענשטײַניאַנצעס און זשארעסיסטן, וועלכע האבן מיט אַלע מעגליכקײַטן גע־

זוכט צו פאַרוויגן דעם פּראָלעטאַריאַט איינצושלעפערן זיין רעוואָלוציאָנערע ענערגיע און שאַפונגס־כּוחות אין אַ פּאַרלאַמענטס וויגעלע, דערטרינקן אים אין זומפּ פון וואַל־קאַמף. באַ זייערע מכלומרשטע געגנער, די אָרטאָדאָקסאַלע מאַרקסיסטן, זיינען אין אַרסענאַל אויך פאַרבליבן פון די אַמאָליקע רעוואָלוציאָנערע טעג נישט מער ווי אַ מבול פון קלינגענדיקע ווערטער, רעוואָ־לוציאָנערע פראַזן. אַלע האָבן זיי איצט געוואַרט די ישועה פון פאַרקויפטן פּאַרלאַמענט, וועלכער האָט שוין דאַן אין גאַנצען פאַרלאָרן זיין באַדייטונג.

ווער עס זאָל אָנווייזן דעם פּראָלעטאַריאַט זיין אמתן, נייעם וועג, וועקן, אַרויסרופן און ערציהען אין אים נייע געפילן, געדאַנקן און קאַמפּס־מיטלען, איז ניט געוועזן. פינסטער, האָפנונגסלאָז איז געוועזן זיין נאָהנטע צוקונפט. די שרעקליכסטע און שענדליכסטע בלוטיקע רעאַקציע האָט זיך שוין געקלאַפּט אין טיר און פאַר אַלע די, וואָס האָבן געוואָלט טראַכטן, איז קלאָר געוועזן, אַז דער פּראָלעטאַריאַט וועט אונטער זייער פירונג ניט זיין ביכולת זיך קעגנצושטעלן דער רעאַקציע. גרויס איז געוועזן דער ווייטאָק און שמאַרץ און נאָך מער דער אַגענדער יאוש פאַר דער צוקונפט פון אינטערנאַציאָנאַל.

אט אין דעם מאָמענט האָט זיך, צום גליק פון דער מענטשהייט, באַוויזן אויפ'ן פינסטערן הימל פון דייטש־לאַנד צום ערשטן מאָל די רירנדע, זוכענדע, מוטיקע

פיגור פון קאַרל ליבקנעכטן, וועלכער הויבט גלייַך אן זוכען נייַע וועגן, נייַע מעטאָדן פון מאַסן באַוועגונגען, פירענדיק אַ קאַמף קעגען אַלע אפּארטוניסטן.

## IV.

# ליבקנעכטס דעביוטן ביז דער מלחמה.

נאך אַ צייַט לאַנג פאַר דער מלחמה טרעט שוין ליבקנעכט אַרויס אַלס אַ לינקער סאָציאַליסט.

אייַנער פון די ערשטע טריט זיינע איז געווען דער אַרויסטרעטן נאך מיט 18 יאר צוריק קעגען זשארעסן, קעגען זיינע רעפארמאַטארשע אילוזיען, קעגען זיין גלויבן, אַז דער אַרבעטער קלאַס קען פאמעליכקע, שטיל אַריינטרעטן אין דער נייער וועלט, אין דער הערשונג פון פרייהייט, ברידערליכקייט און גלייכקייַט. מיט זיין קריטיק האט ער נאך מער, ווי זשארעסן, געמייַנט זיינע אייַגענע אפּארטוניסטן, די רעוויזיאניסטן פון דייטשלאַנד גופא. נאר מיט ווייַ האט ער נאך ניט גע= וואלט אַריינטרעטן אין אַ אפענעם קאַמף, רעכנענדיג דאס פאַר פריצייטיק. דאס איז אויך געוויס געווען אייַנער פון די טעמים פאַרוואס ליבקנעכט האט די ערשטע צייט געזוכט אַפילו נייע געביטן אַ וואו אנצווענדן זיינע יונגע כחות. צו דעם געהערן זיינע ערשטע פראיעקטן ארגאַניזירן די אַרבעטער יוגענט, וואס ער האט דער ערש=

טער ערוועקט אין דייטשלאַנד. ער סטאַרעט זיך דאַריבער צו איבערצייַגן די פּאַרטייַ, אַז זי זאל נעמען אויף זיך די וויכטיגע אַרבייַט צו ארגאַניזירן און רעוואלוציאניזירן די יוגענט. ליבקנעכט פילט שוין דאַן ווי די מגפה פון מיליטאַריזים איז שטאַרק און געפערליך פאַר דער צי־וויליזאַציע, פאַר דער ווייטערדיקער קולטערעלער בלי־הונג פון דער מענטשהייט, ער פאדערט אַז די פּאַרטייַ זאל אומבאַדינגט אנהויבן פירן אַ ברייַטע אַגיטאַציע צווישן די אַרבעטער יוגנט. אין זייַער אָרגאַניזירונג האט ער גע־זעהען דעם בעסטן מיטל צו באַקעמפן דעם מיליטאַריזם. אויסער דעם, האט ליבקנעכט געטענהט אַז די אָרגאַניזירונג פון דער יוגענט און דאס אַרבעטן צווישן זייַ, נאך איידער זייַ פאַלן אַריין אין קאַזאַרמע מיט איר אָפּסמ׳נדיקער וויר־קונג, האט די גרעסטע באַדייטונג פאַר דעם ווייַטערדיקן וואוקס פון דער סאציאַליסטישער באַוועגונג און פאַרן נצחון פון סאציאַליזם.

די פּאַרטייַ איז אבער טויב געבליבן צו זיינע רייַד. די איבעריקע אָנפירער האבן אים אַפילו באַשולדיקט, אַז אים ווילט זיך איבערשטייַגן זיין טאַטן אין רעוואלוציאָ־נערקייַט. די פּאַרטייַ האט פשוט מורא געהאַט צו אָר־גאַניזירן די יוגענט, אנצוהויבן אפן פירן אַ אַנטימיליטאַ־ריסטישע אַגיטאַציע. דער פרישער שטראָם, וואס ליב־קנעכט האט מיט זיין אַרבעט געקענט אַריינטראגן אין איר לעבן, האט איר ממש געשראקען. זי האט זיך

געסטאַרעט פשוט פון אים פטור ווערן מיט פאַרשיידענע יעזואיטישע פראַזן, ווי צום ביישפיל, אַזאַ ענטפער: צו וואס זאלן מיר זיך אַליין שפּאַלטן, באַשאַפן נייע אָר־גאַניזאַציעס? די גאַנצע אַרבעט פון דער פאַרטיי איז דאך אַ אַנטימיליטאַריסטישע. אדער זי האט זיך ניט געשעמט אים אפן זאגן, אַז זי וויל בעסער אויסמיידן קאנפליקטן מיט דער רעגירונגס מאַכט...

די אַלע פירונגען און אַרגומענטן פון דעם הער־שענדן טייל אין דער פאַרטיי האבן ליבקנעכטן נאך טיפער איבערצייגט, אַז די פאַרטיי זינקט אין אַ טיפער בלאָטע און אַז ער טאר ניט אַראפּפאַלן באַ זיך, אפּ־לאזן די אַרבייט, וואַרטן הילף פון אַנדערע און ער נעמט זיך אַליין פאַר דער אויפגאַבע.

אין גיכן זעהען מיר ווי ליבקנעכט הויבט אן זיין ערשטן אַקטיוון קאַמף קעגן דעם גרעסטן פיינד פון דער מענשהייט אין 20 יאר הונדערט, קעגן מיליטאַריזם.

ער פאַלט אן אויף אים פון צוויי פלאַנגען. ערשטענס ארגאַניזירט ער די אַרבעטער יוגענט. דערביי פאַרשטייט ליבקנעכט אויף וויפל ס'איז וויכטיק, אַז די אָרגאַני־זאַציעס זאלן זיך ניט נור יאָגן פאַרשפּרייטן צווישן דער יוגענט די אידייען פון סאָציאַליזם, נאר אַז זיי זאלן דער עיקר זוכן צוגעוואוינען די יוגענט אַליין אַרויס־אייזן איר זעלבסטעטיגקייט, זי זאל אַליין אַרבעטן יוובער איר זעלבסט־דערציהונג, נעמענדיק אַ אנטייל

אין קאַמף מיט די אונטערנעמערס און אַקטיוו אַריינ־
מישענדיק זיך אין פּאָליטישן לעבן, באַשאַפענדיק
אויף אַזאַ אופן נייע מחנות קעמפער פאַרן סאָציאַליזם.
צווייטענס הערט ליבקנעכט ניט אויף צו באַקעמפן אויך
צווישן די ברייטע מאַסן דעם מיליטאַריזם, ווי מיטן
וואָרט אַזוי אויך מיטן פען. פאַרשטייט זיך, אַז די דייט־
שע יונקערשע רעגירונג איז אים פון אָנהויב אָן
נישט מוחל זיין אַנטימיליטאַריסטישע אַגיטאַציע. זי
פאַרפירט קעגן אים אַ פּראָצעס פאַר זיין בוך קעגן
מיליטאַריזם און פאַרמשפּט אים צו אַ יאָר געפיינקעניש,
וועלכן ער איז אפּגעזעסן.

אינ׳ם סאָציאַליסטישן לעבן פון דער גאַנצער וועלט
איז געווען נאָך אַ פראַגע, וואס איז געווארן אַ ברע־
נענדיקע פון די ערשטע יארן פון איצטערדיקן יאר־
הונדערט. דאס איז די פראַגע פון אַן׳אַלגעמיינעם שטרייק
אין פאַל פון אַן אָנגריף פון דער רעאַקציע. די פראַגע
האט זיך שטאַרק דעבאַטירט. די אָפּארטוניסטן זיינען
אומעטום געגן איר אַרויסגעטראטן, שרעקענדיק, אַז
דאס איז, רחמנא לצלן, אַ „אַנאַרכיסטישער" מיטל.

די רעוואלוציאָנערע פראַזיאָרן, וועלכע האבן גע־
וואלט אַיינרייַדן סיי זיך סיי אַנדערע, אַז זיי זיינען נאָך
אויף עפּעס רעוואָלוציאָנעריש פייהיק — זיינען מרוצה
געווארן מודה צו זיין, אַז אַן אַלגעמיינער שטרייק האט
יע עפּעס אַ שטיקל ממשות, באַדייטונג נאר... אַלס אַ

טפל צו דעם פאַרלאַמענטאַרישן קאַמף און צו וועלכן מ׳דאַרף זיך ווענדן נור אין זעהר און זעהר אַ שווערן פאַל.

פאַרקערט, די אַנאַרכיסטן זיינען גרייט געוועזן זעהן אין דעם אַלגעמיינעם שטרייק די איינציקע און בעס־טע תרופה קעגן אַלע חולאַתין, וואס איז פייהיק מיט איין קלאַפּ מאַכן אַ ענדע פון דער בורזשואַזער וועלט...

פאַרשטייט זיך, אַז ליבקנעכט האט אויך ניט גע־קענט בלייבן גלייכגילטיק צו אַזאַ ברענענדיקער פראַגע. צוזאַמען מיט ראָזע לוקסעמבורג, קלאַרע צעטקין און אַנדערע הויבט ער אָן צו פירן אַן אַגיטאַציע פאַר אַן אַלגעמיינעם שטרייק. און דאָ זעהען מיר, נאָך מער ווי אומעטום, דעם אָנפירער־פּסיכאָלאָג פון די קעמפענדע ברייטע מאַסן פון 20־טען יאר הונדערט מיט זיין אַנטוויקעלטער טעכניק און גרויסע קאָלעקטיווע אַרויס־טרעטונגען. קאַרל ליבקנעכט איז מיט קיינעם פון זיי ניט מסכים. ער זעהט אין אַלגעמיינעם שטרייק זיין אמתע ראָל: אַלס איינער פון די מיטלען פון אַ מאַסאַוון קאַמף אין דער נייער אנקומענדיקער עפּאכע, די עפּאכע פון מאַסן צוזאַמענשטרייטן, די עפּאכע, אין וועלכער עס וואַקסט און ווערט צייטיק די סאציאַליסטישע רעוואַ־לוציע, ווען דעם אַרבעטער קלאַס וועט אויסקומען מאָ־ביליזירן אַלע זיינע קרעפטן, אנווענדן אין מלחמה אַלע מיטלען פון קלאַסן־קאַמף.

אויך איצטער פאַרשטייט ק. ליבקנעכט, אַז ס'איז ווינציק צו פירן אַ אַבסטראַקטע אַגיטאַציע פאַר דער פאַרשאַרפונג פון די פארמען פון קלאַסן=קאַמף, נאר דעם קאַמף איז נויטיק צו פאַרשאַרפן אויך קאנקרעטע פראַגן.

נאר דא שטויסט זיך ליבקנעכט ניט ווילענדיק אָן אויף נייע און גרויסע מניעות אין דער דייטשערווירקליכקייט. די דאַמאלסטדיקע דייטשלאַנד איז ניט פייהיק געווען אַרויסצושטעלן קאָנקרעטע פאַקטן אַלס מאַטעריאַל פאַר אַ מאַסן=קאַמף. דייטשלאַנדס אינדוסטריע, פאַרהעלטניסמעסיק, בליט, אירע פראָ=פעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס זיינען מעכטיק גרויס, דער וואוקס פון דער פאַרלאַמענטאַרישער ס. ד. פראַקציע פאַרבלענדעט אַלעמען די אויגן מיט איר צאל=רייכקייט, די רעגירונג האַלט זיך אָב פון וועלכע ניט איז אויסערליכע פאַרפאָלגונגען, דער סם פון לעגאַלי=זאַציע און פאַמעליכקע=טעאָריעס, פון שטיל=באַוועגענדע רעפארמעס און ערבערונגען כאַפט ווי אַ מגפה אַלעמען אַרום. פריידיקן איצט אַן אַלגעמיינעם שטרייק, באַרי=קאַדן, באַוואָפענטע אויפשטאַנד, הייסט, אמווינציקסטן, פשוט טעאָרעטיזירן, זיך אַוועקשטעלן טאַקע באַזונדער פון דער ברייטער אַקטיווער מאַסע, וועלכע קלייבט זיך אויף דאס ניי צו ערציהען, איבעראַנדערשן, בע=נייען, זיין אָפגעריסן פון איר און פון לעבן... ליבקנעכט

מיט זײַן טעטיקן כאַראַקטער איז װינציקער װי אַלץ אױף דעם פּײַהיק, ער איז װי פּראַמעטיאוס צוגעשמיט צום באַרג, ניט קענענדיק אָנװענדן זײַנע שפּעפערישע כּוחות.

און דא זעהען מיר, װי ליבקנעכט איז געגױט צוזשטאָן דערװײַלע דאס, װאס בײַ אַנדערע רוסישע לינקע סאָציאַליסטן װעלכע װילן ניט נעמען די מיה אױף זיך טיפער אַרײַנצודרינגען און פאַרשטײַן די דײַטשע באַדינגונגען, קען אין פלוג אַרױסרופן אַ פאַרװאונדערונג. ליבקנעכט שטעלט זיך ניט גלײַך אױפן אַנטיפּאַרלאַמענטאַריסטישן באָדן. ער זוכט נור אַרײַנצוטראגן מער אײַנפלוס, אַקטיװיטעט אין די פראַגען, װאס פאַרכאַפּן שױן בײַ הײַנטיקן טאג דאס לאַנד, די ברײַטע מאַסן, פאָדערנדיק דערבײַ אָננעמען אין קאַמף די שטרײַנגסטע מיטלען. אַזױ נעמט ליבקנעכט אין 1910־טן יאר אַפילו אַן אָנטײל אין קאַמף פאַר דער דעמאקראַטיזירונג פון יונקערשן פרײַסישן לאַנדסטאג. ליבקנעכט געפינט פאַר מעגליך דא אנװענדן אַ גענעראַל שטרײַק...

אַרבעטענדיק אױף אַזאַ אופן מיט פאַרשײַדענע פשרה־עלעמענטן, טרעפענדיק זיך אין אַזעלכע פאַלן אַפילו מיט פארשטײַער פון רײַנעם בורזשואַזן פּראָגרעסיזם, פלאַנטערט ער זיך אַ קורצע צײַט פאַר דער מלחמה אין זײַערע פּראַזע־נעצן װעגן אַן אײַביקן שלום, הױבט אן, דאַכט זיך, צו גלױבן, אַז אַ געװיס קא

אַליציע מיט זיי קען אבהאַלטן דעם בלוטיקן מיליטאַריזם.
נאר דער-אויסבּרוך פון דער מלחמה דערוועקט אים פון די אַלע מיראַזשן, חלומות, באַווייַזט אים, אַז ער שטייַט אַלייַן אויפן שלאַכט-פעלד.

V.

## דער אויסבּרוך פון דער מלחמה.

דער גרויסער אינטערנאַציאָנאַליסט, דער אַלטער ווילהעלם ליבקנעכט האט אין איינער פון זייַנע רעדעס קעגן די פרייַסיש-פראַנצויזישע מלחמות אַרויסגעזאגט פאלגענדעס.

„צוויי וועלטן שטייַען איצטער שאַרף איינע קעגן דער אַנדערער — די וועלט פון רייַכע און די וועלט פון ארימע, די וועלט פון קאַפּיטאַל און די וועלט פון אַרבּעט; צוויי וועלטן מיט געגענזעצליכע צוועקן, שטרעמונגען, אנשויאונגען און מיט פאַרשיי-דענע שפּראַכן; צוויי וועלטן, וועלכע קענען זיך ניט איינהאַלטן צוזאַמען איינע קעגן דער אַנדערער און פון וועלכע איינע מוז אבטרעטן דער צווייטער. און מיר גלויבּן און זייַנען זיכער, אַז אייער וועלט פון גוואַלד-טאַט, פון האַס וועט מוזן אונז דעם וועג אבטרעטן, כאטש איר זייַט ערשט שטאַרקער און רודפ'ט אונז, גיסט אויס אויף אונז אַ האָגל פון רכילות און בלבולים. ניט דעם ערשטן מאל שטייַען שוין אין דער מענטש-

ליכער געשיכטע צוויי וועלטן איינע קעגן דער אַנדערער און געזיגט האט שטענדיק די מאראַלישע וועלט, ניט קוקענדיג, וואס די ערשטע צייט איז פאַר דער נייער וועלט געשטאַנען נור דער שוואַכער מיעוט און פאַר דער אַלטער דער באַוואָפּענטער רוב.

אַז זיגן מוז די מאראַלישע וועלט האט אויך געגלויבט זיין זון. אויך ער, פונקט ווי דער פאטער, האט געזעהען, ווען ער האט געווארפן אין ברויזענדן ים פון שאוויניסטישן עקסטאַז דעם שטאלצן קאַמפּס=לאזונג: „ניט אַ בירגער=בונד, נאר אַ בירגער=קאַמף דאַרף דערקלערט ווערן", אַז ער איז דערווייַלע אין קלענסטן מיעוט, אַז דער רוב איז קעגן אים. נאר אויך ער האט אויף אַ רגע ניט געצווייפעלט, אַז פון די צוויי וועלטן וועט די נייַע גובר זיין און ער טרעט העפטיק אַליין אַריין אין שווערן קאַמף.

נאך אין פרילינג פון 1918 יאָר האט ק. ליב=קנעכט געפרובירט געבן אַ טויט=קלאַפּ דער מאָראַלי=שער זייט פון בורזשואַזן קאַפּיטאַליסטישן פאַטריאָטיזם, אַנטדעקן אין זייער גאַנצער העסליכקייט, זיינע פאַלשע פאַרקויפטע אידייען. ליבקנעכט האָט דער ערשטער אַראָפּ=געריסן פון זיי דעם צבוע'שן שלייער און אַנטדעקט די אינטימע באַציהונגען צווישן די דייטשע און פראַנ=צויזישע וואַפן=פאַבריקאַנטן און אין אַלגעמיין די מע=טאָדען, ווי די דאָזיקע אינדוסטריען פאַרזיכערן זיך

געשעפט". זיינע אַנטדעקונגען האבן אַרויסגערופן
אַ אינטערנאַציאנאַלע סענסאַציע, האבן געפירט צו
אונטערזוכונגען אין אַנדערע לענדער און די וועלט
זאָגט, אַז דער באַוואוסטער אַמעריקאַנער סאציאַליסט
מאָריס הילקוויט באַזיצט איצט, אַדאַנק ליבקנעכט'ן,
מערקווירדיקע אינפאָרמאַציעס, ווי אַזוי עס געהט צו
דער געשעפט פון צושטעלן די רעגירונגען מאָדערנע
טויט=און צושטערונג=מאַשינען.

דער עיקר קאַמף קומט אים אבער אויס צו פירן
פון דער צייט אן, זינט די מלחמה איז דערקלערט גע=
ווארן און כמעט די גאַנצע פאַרטיי האט זיך דער=
קלערט פאַטריאטיש.

ווי עס איז באַוואוסט, האט די דייטשע סאציאַל=
דעמאקראַטיע אַפילו געשטימט פאַר די מיליטער=קרע=
דיטן, מיט וואס זי האט מאראליש ניט געוואלט אַראב=
נעמען פון זיך די פאַראַנטווארטליכקייט פון דעם
שענדליכסטען און מערדערישעסט'ן ברודער=שלאַכט. די
שטעלונג פון דער דייטשער ס. ד. צו אַזאַ ברענענדי=
קער פראַגע האט איבעראַשט אַפילו אירע ראַדיקאַ=
ל[illegible]ימענטן. אַ סך ה[illegible]ן שוין, ווי מיר האבן שוין
דערציי[illegible], פאָרגעזעהען, אַז די אָפּאָרטוניסטישע פאלי=
טיק ירע פון די לעצטע יארן האט דערשלאגן אין
דעם אַרבעטער=קלאַס יעדן רעוואלוציאנערן גייסט, אַז זי
וועט ניט זיין ביכולת אַקטיוו ביישטעלן דער מלחמה

וועלכע ניט איז קראַפט, נאר קיינער האט זיך ניט געקאנט פארשטעלן, אַז די פופציק יאריקע לערערין און ערציהערין פון אַלוועלטליכן סאציאַליזם וועט אונטער־שטיצן, נאך אַלע אירע שבועות, דעם אינטערנאציאנאַל, די יונקער־רעגירונג בפועל.

מער פון אַלעמען האט פונדעסטוועגן אַזאַ טריט פון דער פאַרטיי איבערראשט דעם יונגן ליבקנעכט׳ן ווי קריטיש ער האט זיך צו איר ניט בעצויגן פון זיין קינדהייט אן, איז ער פארט געוויינט געווען צו קוקן אויף דער סאציאַליסטישער פאַרטיי, ווי אויף אַ גרוי־סער מאראַלישער קראַפט.

גראד מיט עטליכע טעג פריהער, איידער ס׳האט אויסגעבראכן די מלחמה, איז ליבקנעכט גע־ווען אין פראַנקרייך אויף אַ קאנגרעס פון די פראנ־צויזישע סאציאַל־דעמאקראַטען, אַרויסגעטראטען אויף מיטינגען פון פראַנצויזישע אַרבעטער און גערעדט צו זיי פון סאלידאַריטעט און ברודער־געפילן. ליבקנעכט האט איבערהויפט געליבט די פראַנצויזישע אַרבעטער מיט׳ן גאַנצן פלאַם פון זיין האַרצן. ער האט בשום אופן זיך ניט געקענט פארשטעלן דעם שרעקליכן העסליכן בילד, ווי אַזוי דער דייטשער סאציאַליסטישער אַר־בעטער וועט דאס טרעטן דעם פראַנצויזישן.

ער טרייבט דעריבער פון זיך אפ די ערשטע צייט דעם שווערן קאשמאַר פון אַזאַ מין רעזאלוציע פון דער

פּאַרטיי. אים ווילט זיך נישט אויסטייטשן דעם פאַקט אַלס אַ מאראַלישע ירידה פון דער פּאַרטיי און אַלס נצחון פון צופוילטן אפּאַרטוניזם.

ליבקנעכט פּרובירט זיך איינרעדן, אַז די פּאַרטיי וועט זיך כאַפּן, וועט מודה זיין, אַז זי איז באַגאַנגען אַ גרויסן פעלער, וועט זיך וואַרפן אין קאַמף מיט דער רעגירונג און אַלע אילוזיעס וועלן גיך אפּשטאַרבן ליבקנעכט פאַרבלייבט דעריבער אין פּאַרטיי, אים ווילט זיך אבהיטן איר איינהייט, כדי זי זאל האבן מערער. קרעפטן צו דעם טאג, פון וועלכן ער חלומט נאך, צו דעם טאג, ווען זי וועט דערקלערן אַ מלחמה דער רע־גירונג. און מיר זעהען ווי דעם 4־טן אַווגוסט, ווען די ס. ד. פּאַרטיי שטיצט די רעגירונג, בלייבט ליבקנעכט שטיל, צושטערט ניט די פּאַרטייאישע דיסציפּלין.

לאַנג האט זיך אבער די אילוזיע זיינע ניט געקאנט האַלטן. די נאַציאנאַליסטישע גאַזן, וועלכע האבן זיך ויפגעהויבן איצטער אַפילו פון דער אַרבעטער פּרעסע האבן אים אנגעהויבן שטיקן. ליבקנעכט כאַפּט זיך, פאַר־שטייט שוין איצטער, אַז דער טאג פון 4־טן אַווגוסט איז דער טאג פון דער שענדליכער מפּלה פון דער דייט־שער סאציאַל דעמאקראַטיע.

ער ספקט זיך שוין איצט ניט, וואַקלט זיך מער ניט, וועלכען וועג ער זאל אויסקלייבן פאַר זיך און ער וואַרפט זיך אין קאַמף,

שוין אין סענטיאַבר חדש פּרובירט ער אויף מי־טינגען אין שטוטגאַרט און אין זיין בעצירק פּאַטס־דאַם אַרויסטרעטן פאַר די פאַרענדיגונג פון דער מלחמה. די פּאָליציי פאַרווערט די מיטינגען.

ליבקנעכט הויבט דאַן אָן אַ לעבעדיקע אַרבייט אין דער פאַרטיי זעלבסט. ער טרעט אַרויס אויף הונדער־טער פּאַרטיי־אישע פאַרזאַמלונגען און אין סאַמע ענער־גישע און אומ׳ברחמנות׳דיקע בילדער ענטדעקט ער פאַר די אויגן פון דער מאַסע דעם גאַנצן תהום פון ברי־דער־פאַרקויפונג, אין וועלכן ס׳האט זיך אַראָבגעקייקלט די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. ער רופט די אַר בעטער צו אַן אָפענעם קאַמף קעגן זייערע פאַלשע מנהיגים.

איצט שרעקט אים שוין מער ניט דער שאטן פון אַ מאָראַלישער קראַפט, וואָס די פאַרטיי ענטהאַלט אין זיך. ער האט שוין קיין מורא ניט צו צושטערן חס וחלילה איר איינהייט. ער פאַרשטייט שוין גאַנץ גוט, אַז די פאַרטיי איז אָפּגעשטאָרבן אַלס אַ מאָראַלישע קראַפט, אַז די פירער האָבן ניט נור געמאַכט אַ פאַלשן טראַט און עס איז געווען זיי צו אָנווייזן דעם ריכ־טיקן וועג, נאָר אַז מען מוז זיך מיט זיי רעכענען ווי מיט באַוואוסטזיניקע הוטאָים, פיינט, וועלכע מען מוז עוקר מן השרש זיין, אויב מען וויל מנצח זיין.

די אָפּאָזיציע האט גלייך דערזעהען אין ליבקנעכטן

איר פירער. פון אַלע ווינקעלאַך, וואו זי האט זיך פריהער פאַרטוליעט איילט זי זיך אפרופן אויף זיין העלדישן רוף. ליבקנעכט האט איר מיט זיין אַרויס־טרעטן געגעבן אַ סיגנאַל און פון דאַמאלסט אן הויבט זיך אן אַ נייער לעבן ווי פאַר דער אפאזיציע אין דייטש־לאַנד אַזוי אויך פארן אַלוועלטליכן אינטערנאַציאנאַל.

ליבקנעכט פאַלט אן אויף דער רעגירונג אין לאַנדס־טאַג, וואו דער שאוויניזם פייערט זיינע גרעסטע אר־גיעס. נאר ער איז איינער אַליין. מען גיט אים ניט או־מישנע קיין ווארט.

ליבקנעכט באַשליסט צו שטערן די טעטיגקייט פון פאַרלאַמענט דורך אפטע בייסנדע פראַגן, וואס דאַרפן וועקן דעם רייַנעם געדאַנק פון דעם אַרבעטער, ווען צו אים ווען דערגעהן די ביוליטענס פון פאַרלאַמענט.

אויף דער באַשולדיגונג פון דער פראַקציע, אַז ער שטערט די דיסציפלין, ענטפערט ליבקנעכט. אַז אַלס ארענטליכער סאציאַליסט איז ער פאַרבונדן מיט אַ הע־כערער מאראַלישער דיסציפלין: „די סאלידאַריטעט פון אינטערנאַציאנאַלן אַרבעטער".

נאך ענערגישער טרעט ליבקנעכט אַרויס בשעת דער רעדע פון צבועק, דעם דייטשען פרעמיער בעט־מאַן־האלוועג, וועלכער וואַרפט אַרויף די גאַנצע שולד פון דער מלחמה אויף די געגנער און רעדט אין נא־מען פון יושר און שלום. „אַ ליגן, שרייט אויס ליב־

קנעכט אין לאַנדסטאַג, איר האט אַליין געוואלט די מלחמה!". און פון טריבונע פון דייטשען פאַרלאַמענט רופט ער די אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט צו אַ רעוואלוציאָנערן אויפשטאַנד קעגן אַלע רעגירונגען.

שיידעמאַן, דער צענטר, שרעקן זיך פאַר ליבּ־קנעכטס אָפּאָזיציע. ניט זייענדיק ביכולת אים גובר צו זיין מיטן אמת, וועלכן זיי האבן געפעלשט און פאַרקויפט, פרובירן זיי אויף אים וואַרפן די ערגסטע שמוץ. קעגן ליבקנעכטן טרעטן זיי אַרויס אַלע, מיט זיך האט ער אבער דערווײַלע קיינעם ניט.

די דייטשע רעגירונג אבער קאן ניט דערלאזן אַזאַ שרעקליכן שונא, ווי ליבקנעכטן, רוהיג זיך פאַר־נעמען מיט זיין געפערליכער ארבייט.

זי פאַלט אויף אַ נייע המצאה ווי אַזוי פטור צו־ווערן פון אים. זי מאבילי זירט אים און שיקט אים אויפן מזרח־פראנט.

נאר ניט קוקענדיק אויפן שטרייינגן קאנטראל, גיט זיך ליבקנעכטן איין אויך דא פארצוזעצען זיין רעוואַ־לוציאנערע אַרבעט. ער שטייט אין אייגגן פאַרבאַנד מיט די זעלנער אויפן פראנט, ווי מיט די חברים אין דייטש־לאַנד, פירט אן דעם קאַמף ווייטער, אַרויסגעבענדיק דארטן זיינע באַוואוסטע קליינינקע, אנגעשריבענע אויף אַ מאַשינקע, בלעטלאַך וועגן די ברענענדיקע פראַגן, אונטערן נאמען „בריף פון ספאַרטאַקן".

ווען ליבקנעכט האט זיך דעם ערשטן מאל גע־
משפט פאַר זיין אַנטימיליטאַריסטישען בוך, דערציילט
מען, אַז דער אַלטער בעבעל האט אים געגעבן אַ עצה
דורכצולייענען אין זיין פאַרטיידיקונגס רעדע אויפן משפט
דעם גאַנצן בוך. די רעגירונגס־צייטונגען וועלען דאַן
דאס אַלץ איבערדרוקן אַלס פראטאקאלן און דערווײלע
וועט די רעגירונג אליין זיין די בעסטע פאַרשפריי־
טערין פון זיינע רעוואלוציאנערע געדאַנקען.

איצטער חזר'ן איבער דעם אייגענעם קוריאז זיינע
געגנער. די פשרה־סאציאַליסטן.

אין זיינע שריפטן איז ליבקנעכט מער פון אַלץ
אָנגעפאַלן קעגן האַזעס ניט אויסגעהאַלטענער פאלי־
טיק. די „אבאראנצעס", וועלענדיק זיך נוקם זיין און
שעדיקן האַזעס טאַקטיק, וועלכע זיי האבן געהאַלטן
אַ סך געפערליכער פאַר ליבקנעכטס אפאזיציע, מיט ווע־
מען דערווייל ס'זיינען געווען איינשטימיג זעהר ווייניק,
האבן בעשלאסן אויסנוצן ליבקנעכטס שאַרפע פיילן
קעגן האַזן און זיי האבן אין זייער ארגאַן אפגע־
דרוקט אַלע בריף פון ספאַרטאַקן. זיינע געגנער האבן
אַזוי אַרום אַליין פאַרשפרייט צווישן די ברייטסטע
מאַסן זיינע שריפטן, וועלכע וואלטן קיין מאל צו זיי
ניט דערגעהן. ליבקנעכטס נאמען ווערט אויף אַזאַ אופן
ניט פאַרגעסן, ער ווערט נאך מער פאפולער.

אַזוי, אַז טראצקע איז געווען גערעכט, ווען ער

האט געענטפערט לעדעבורן אויף דער ערשטער קאנ־
פערענץ אין צימערוואַלד פון די אינטערנאַציאנאַליסטן
אין הערבסט פון 1915 יאר, אַוואו ליבקנעכט האט
צוליב פאליציייאישע באַדינגונגען געקענט צושיקן נור
זיַין גרוס־בריף, אין וועלכן ער רופט צו אַ בירגער־
קריג און צו אַ אומ׳ברחמנותדיקן קאַמף מיט די פשרות־
מאַכער און די עלעמענטן פון צענטר, אַז דער אַל־
וועלטליכער רעוואלוציאנערער פראלעטאַריאַט ווייס
ניט קיין אַנדער פארשטייער פון דייטשען סאציאַ־
ליזם אויסער קאַרל ליבקנעכטן.

שוין דאַן האט אים גאַנץ דייטשלאַנד געוואוסט
און אין טיפן האַרצן אַ סך מער מיטגעפילט,
ווי די הערן האַאַזעס און לעדעבורס מיט זייער וואק־
לען זיך.

אין דער שווערער צייט גיט זיך ליבקנעכטן איין,
אַדאַנק זיין קאלאסאַלער ענערגיע, צו גרופירן אַרום זיך
די לינקע, עקסטרעמע עלעמענטן, וואס פאַראייניגן
זיך אונטער דעם נאמען „דער אינטערנאַציאנאל". צו
דער גרופע שטייען צו אַזעלכע ליטעראַרישע קרעפטן, ווי
מערינג און ראָזע לוקסעמבורג. אט אַזוי וואַקסט ביס־
לאַכווייז אויס די קראַפט פון דער אמת׳ער סאציאַ־
ליסטישער אפאזיציע.

נאר ניט אין ליבקנעכטס כאַראַקטער איז געווען
צובלייבען באַ ריין טעאָרעטישע ויכוחים, אַגיטאַציאנס

און פראָפּאַגאַנדע שטורמס. זײַן אַקטיװע נאַטור און טע־
טיגער טעמפּעראַמנט פאָדערן קאָנקרעטע אַרױסטרע־
טונגען, אַן אָפענעם קאַמף מיט זײַנע געגנער. און
די גרופּע ספּאַרטאַק, טרעט צו צו אָרגאַניזירן דעם
ערשטן מאַי אַ עפנטליכע דעמאָנסטראַציע.

דאָ װײַזט זיך אַרױס די גאַנצע שײנקײט, און עדעל־
קײַט פון ליבקנעכטס נאַטור און טיפן פאַרשטײן די
פּסיכאָלאָגיע פון דער מאַסע.

ליבקנעכטס חברים פּרובירן אים אײַנרײדן, אַז
ער זאָל אַלײן ניט אָנטײל נעמען אין דער דעמאָנס־
טראַציע. זײ זײַנען פּראַקטיש גערעכט אין זײער טענה;
אויב ליבקנעכט, װעט װערן אַרעסטירט דאַן װעט
אַלץ געהן לאַבוד, ער װעט פאַרמשפּט װערן אויף
יאָרן קאַטאָרגע און די יונגע אָרגאַניזאַציע װעט פאַר־
לירן איר בעסטן פירער.

ליבקנעכט פאַרשטײט אָבער די זאַך טיפער. ער איז
מסכים מיט זײ, אַז די פאַרלוסט פון זײַן פּערזאָן װעט זײַן
איצטער אַ גרױסער היזק פאַר דער פּאַרטײ, נאָר ער װײַזט
זײ אָן אויף דער אַנדער זײַט פון דער ערשײַנונג: „בײַם
פאָלק איז געפאַלן דער גלויבן אין זײַנע פירער. זע־
הענדיק זײער שענדליכע פירונג, װי לײַכט זײ האָבן
אַלײן געפעלשט די זעלביקע אידײען, װעלכע זײ האָבן
יאָרן לאַנג די מאַסן געפּרײדיגט, קענען זײ װײַטער
ניט גלויבן אין װערטער. דער נצחון פון דער רעװאָ־

לוציע, פון סאָציאַליזם הייִנגט אָפּ דארום נור פון דעם אויפוועקן צוריק אין די הערצער פון די אַרבע־טער דעם גלויבן אין די פירער. און דאס איז מעגליך נור דאַן, ווען די מאַסן וועלען זעהן, אַז ער בע־נוגנט זיך ניט ווי יענע בלויז מיט ווערטער, אַז ער שיקט ניט נור אַנדערע אויף קרבנות, און אפשר טויט. מיט זייַן אייִגענער איניציאַטיוו, דאַרף דער אָנפירער צוריק ערוועקן די אמונה אין די מאַסן".

אין אָרגאַן „די אינטערנאַציאָנאַלע יוגענט" באַ־שיצט ליבקנעכט די ווירקונג פון דער פערזענליכקייַט אין דער רעוואָלוציע, די בעדייַטונג פון העלדנטאַט, פון דער איניציאַטיוו.

פאַרשטייִט זיך, אַז אייַנשטימיג מיט זייַנע איבער־צייַגונגען גייִט ער אויף דער דעמאָנסטראַציע.

## VI.

## ליבקנעכט אין געפייִנקעניש.

די בערלינער פאָליציי האט זיך דערפרייִט מיט דער מעגליכקייַט צו אַרעסטירן ליבקנעכטן.

זי רייַסט אים אַרויס פון דער גרופּע דעמאָנסטראַנטן און פירט אים אָפּ מיט טריאומף אין געפייִנקעניש.

ליבקנעכטס האַלטן זיך אין געפייִנקעניש פאַרדינט אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייַט. אייַניקע אויסצוגן נור

פון זיינע פראָטאָקאָלן גיבן אונז אַ קלאָרן בילד פון דעם מוט און שטאָלץ, וואס האבן ערפילט די האַרץ און נשמה פון דעם קעמפער אויך אויף יענער זייט פון די פאַרשלאָסענע טויערן. ליבקנעכט דערקלערט אין זייַ די סבות, וועלכע האבן אים געטריבן צו אָרגאַני־זירן די דעמאָנסטראַציע און אַליין אָנטייל צונעמען אין איר׳

בערלין דעם 3־טן און 8־טן מאַי 1619 יאר.

(אין קעניגליכן מיליטער־געריכט פון דער שטאט בערלין.)

1) די דייַטשע רעגירונג מחמת איר היסטאָרישן און סאָציאַלן תוך קען אַנדערש ניט זיין, ווי אַ געווער פון פאַרקנעכטונג און עקספלואַטאַציע פון די אַרבעטער מאַסן; ווי אין דער אינערליכער אַזוי אויך אין דער אויס־סערליכער פאָליטיק דינט די רעגירונג די אינטערעסן פון די יונקערס, קאַפּיטאַליסטן און אימפּעריאַליסטן.

די איצטערדיקע דייַטשע רעגירונג איז די הייַסטע אָנהייַנגערין פון דער וועלט פאַרכאַפּונגס פּאָליטיק, די שטאַרקסטע אָנרייַצערין פון די אַזאַרטע באַוואפנונגען און צוזאַמען מיט דעם אויך איינע פון די הויפּט שולדיקע פון דער איצטערדיקער מלחמה און אויף איר ווי אויף עסטרייַך פאַלט די הויפּט פאַרענטפערליכקייַט פאַר דער אויסברעכונג פון דער מלחמה. די מלחמה גופא איז אינסצענירט געוואָרן אַדאַנק דעם, וואס די פּאָלקס מאַסן זייַנען פאַרפירט געוואָרן דורך די פאַלשסטע מיטלען.

די איצטיקע מלחמה האט אין זיך בשום אופן ניט דעם צוועק צו באַשיצן די נאַציאָנאַלע גאַנצקייַטן אָדער נאך מער די באַפרייַאונג פון די אונטערדריקטע פעל-קער, אָדער די דערגרייַכונג פון דעם גליק—די טובות פון די פאָלקס מאַסן. פון שטאַנדפונקט פון פראָלעטאַריאַט איז די מלחמה די העכסטע מדרגה נור פון פאָליטי-שער אונטערדריקונג, עקאָנאָמישער עקספּלואַטאַציע און מיליטערישער פאַרניכטונג פון אַרבעטער קלאַס צום גליק און גונסטן פון קאַפּיטאַליזם און אַבסאָלוטיזם.

קעגן דעם אַלץ קען דער אַרבעטער קלאַס ענט-פערן נור מיט אַ מער פאַרשטאַרקערטן קאַמף, מיט אַ צווישנ-פעלקערדיקן קלאַסנקאַמף קעגן די קאַפּיטאַ-ליסטישע רעגירונגען און די הערשענדיקע קלאַסן.

מייַן אויסרוף „נידער מיט דער רעגירונג" האט דעם צוועק צו שטעמפלען מיט דעם צייכן פון שאַנדע אין די אויגן פון די ברייטע מאַסן די צושטערונגס-פּאָליטיק פון דער רעגירונג. דער אויסרוף האט ווייַ-טער די כונה צו באַווייַזן, אַז דער סאַמע שאַרפסטער אומבשלום'דיקער שטרייַט, דער קלאַסן שטרייַט קעגן די רעגירונגען ווערט דער חוב פון יעדן סאָציאַליסט, פון יעדן פאָרשטייער פון די פראָלעטאַרישע אינטערעסן.

מייַן אויסרוף איז: „נידער מיט דער מלחמה", ווייַל אַלס סאָציאַליסט בין איך אַ פּרינציפּיעלער געגנער ווי פון דער מלחמה אַזוי אויך איבערהויפּט פון דער

עקזיסטירענדער סיסטעם פון מיליטאַריזם, קעגן וועל־
כער איך האָב שטענדיק געקעמפט און איך האַלט פאַר
אַ הייליקן חוב פון יעדן סאָציאַליסט צו פאַרדאָפּלען
זיין קאַמפּס ענערגיע איצטער. די פּאָליטיק וועל איך
אויך ווייטער מיט אַלע מיינע כּוחות באַשיצן, וואס
דאס זאָל מיר ניט קאָסטן!...

אין זיין צווייטער דערקלערונג שרייבט ער:

„און די פּאָליטיק מיינע, בין איך בטוח — און אויף
וואס איך בין גרייט מפקיר זיין מיינע בעסטע
קרעפטן — וועט אין גיכן ווערן די פּאָליטיק פון דעם
אַרבעטער קלאַס פון אַלע לענדער, וועלכע וועלן אין
גיכן באַקומען קרעפטן צו צוברעכן דעם אימפּעריאַ־
ליסטישן ווילן פון דעם הערשענדען קלאַס. און אין
נאָמען פון דעם גליק פון דער מענטשהייט וועלן זיי
אַליין לאָזן די פעלקער באַשטימען זייער צוקונפט, די
באַציהונג צווישן זיך".

אויף די פּאָרוואורפן פון די באַשולדיקער, אַז ער
העלפט דעם שונא פון פאָטערלאַנד, ענטפערט ליבקנעכט
פאָלגענדעס: „דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסט איז
גלייך פיינדליך ווי צו די קאַפּיטאַליסטן פון פרעמדע
לענדער, אַזוי אויך צו די קאַפּיטאַליסטן פון זיין איי־
גענעם פאָטערלאַנד. עס איז דאריבער ניטאָ קיין גרע־
סערער אַבסורד, ווי די באַשולדיגונג אַז אַ סאָציאַליסט,

אַז ער פעלשט זײַן אײַגענע הײַם, כדי צו העלפן פרעמ־
ע רויבער.

אין נאָמען פון אַלוועלטליכן פּראָלעטאַריאַט קעמפט אַזאַ סאָציאַליסט מיטן אַלוועלטליכן קאַפּיטאַל. ער פאַלט אָן אויפן קאַפּיטאַל דאָרט אַוואו ער טרעפט אים און אַוואו ער קען אים נור שלאָגן לטובת זײַנע אידעאַלן. אויב ער פאַלט אָן און שלאָגט פריהער זײַן קאַפּיטאַל איז דאס נור דערפאַר, ווײַל ער איז אים נעהנטער, אים טרעפט ער צום ערשטן אונטערן האַנד אויף זײַן וועג צום קאַמף. נאר ער בײַלט אים אין נאָמען ניט נור פון דעם פּראָלעטאַריאַט פון זײַן לאַנד אַלײַן, נאר אין נאָמען פון אַלוועלטליכן פּראָלעטאַריאַט קעגן דעם קאַפּיטאַל, וועלכער איז אויך אין זײַן לאַנד דער פאָר־
שטײַער פון אַלגעמײַנעם קאַפּיטאַל!

מיט אַזאַ שפּראַך האט גערעדט ליבקנעכט צו זײַ־
נע שונאים זײַענדיק באַ זײַ אין די הענט אין געפּײַנ־
קעניש און זײַ מתרה געווען, אַז אויב אַפילו זײַ וועלן אים בעפרײַען וועט ער פאָרטזעצן זײַן רעוואָלוציאָ־
נערן קאַמף.

מיט אַ באַזונדער שטאָלץ און נביאות קלינגען זײַנע דראָהענדע ווערטער צו די שופטים אין דער צייט פון משפּט: „איך צווייפל ניט איין רגע, אַז ס'איז נאָהנט דער טאָג, ווען איר, מײַנע שופטים, וועט זיצן אויפן באַשולדיגונגס באַנק און וועט מוזן אויסהערן דעם

אורטייל פון פאָלק, וועמענס קראַפט מוז אייך דער־שלאָגן!"...

ליבקנעכטן האט דער מיליטער־געריכט פאַר'משפט אויף 6 יאָר קאַטאָרגע און אויף 10 יאָר פאַרלירן ביר־גער־רעכט פאַר זיין פעלשן דעם פאָטערלאַנד.

דער אורטייל האט געדינט אַלס סיגנאַל צו דע־מאָנסטראַציעס און שטרייקן אין גאַנץ לאַנד, באַוויי־זענדיק, וואס פאַר אַ מאָראַלישע קראַפט ליבקנעכט האט זיך שוין געוואונען אין די ברייטע אַרבעטער מאַסן. ליבקנעכט איז געוואָרן דער סימוואָל פון דער אַרבעטער רעוואָלוציע אין גערמאַניע.

אומזיסט האבן די יונקערס און די בורזשואַזיע, ניט קאנענדיק פאַרלייקענען די ריינע אָרענטליכע מאָטיוון פון ליבקנעכטס טעטיגקייט, זיך געמאַטערט אים אַרויס־צושטעלן פאַר די מאַסן ווי אַ האַלב משוגע'נעם פאַ־נאַטיק. די מאַסע האט זיי ניט געגלויבט. ליבקנעכט איז געוואָרן איר ליבלינג, אין אירע אויגן אַ מאַרטי־רער, אַ קרבן פאַר אירע אינטערעסן, פאַר איר ליכ־טיקער צוקונפט.

די אָרימע מאַסע פאַרגעסט אים ניט די גאַנצע צייט פון זיין געפיינקעניש. זי הערט ניט אויף צו שענדן זיינע דריקער, וואס פייניגן אים און דעם לאַקייאישן פאַרלאַמענט, וועלכער האט אים פאַרקויפט, אויסשלי־סענדיק אים פון צאָל פון זיינע דעפוטאַטן.

אין געפּײַנקעניש גופא, ווי נור ס'האבן זיך פֿאַר־מאַכט נאך אים די טויערן, סטאַרעט זיך ליבקנעכט פֿאַר־געסן זײַן פֿריהערדיקן לעבן. „איצט בין איך שוין ניט קײַן ליטעראַטאָר, דעפּוטאַט, דאקטאר, נאר אַ קאַטאָר־זשניק, זאגט צו זיך אַלײַן ליבקנעכט, איך ברויך זיך גרײַטן רוהיק אַלץ אַריבערטראגן, כּדי צו דערלעבן די גליקליכע צײַט פֿון פֿאָלקס אויפֿשטאַנד". און מיר זעהן טאַקע מיט וואס פֿאַר אַ קאַלטע שטאָלץ און רוהיג־קײַט ער טראגט אַלץ אַריבער.

כּדי צו פֿאַרשלאגן מיט פֿיזישער אַרבעט די לאַנ־גע שווערע טעג פֿון געפּײַנקעניש ווערט ער אַ פּשוטער שוסטער און אַרבעט אַ גאַנצן טאג.

די ביסעלע פֿרײַע צײַט, וואס בלײַבט אים איבער, גיט ער אָפּ זײַנע גײַסטליכע פֿאדערונגען. אין דער שטילקײַט פֿון די פֿיר ווענט זוכט ער אַ טרײַסטונג אין די געדאַנקען און פֿאעזיע פֿון זײַנע באַליבטע גריכי־שע אַוטארן.

אַזוי גײַען אַריבער צוויי לאַנגע יארן פֿון זײַן תּפיסה־לעבן.

## VII.

## ליבקנעכט באַפֿרײַט.

ליבקנעכטס נביאות איז מקוים געווארן. אים איז ניט אויסגעקומען אפּצוזיצען די גאַנצע צײַט, ווי זײַנע

שופטים האבן געגלויבט. עפעס מער ווי צוויי יאר זיי־נען נור אַריבער און יענע מעכטיקע הענט, פון וועל־כע ליבקנעכט האט זיי מתרה געווען, האבן זיך טאַקי אויפגעהויבן, האבן צובראכן די אייזערנע טויערן, און־טער וועלכע עס האבן געשמאַכט דער גוף און די נשמה פון דעם פאלקס־פריינד. זיי האבן געגנויט זיינע דריי־קער אים באַפרייען און מיט טריאומף, מיט בלומען אים צוריק געגומען אין זייערע רייען. ליבקנעכט איז ווידער אויפן שלאַכט פעלד, מיט זיינע אַלטע חברים־פריינד, מיט דעם רעוואָלוציאָנערן דייטשען פראָלע־טאַריאַט, מיט די אויסדערוויילטע בערלינער אַרבעטער מאַסן. ס'איז אויך מקוים געווארן זיין צווייטע נבואה: דאס פאָלק האט פאַרמיאוסט זיינע פריהערדיקע הער־שער און פאָדערט איבער זיי אַ משפט, אַן ענטפער פאַר די אומזיסטע בלוט, וואס זיי האבן פאַרגאָסן.

ליבקנעכט איז איצט שוין אַן אָנערקענטער אָנפירער, ניט פון קליינינקע צוואָרפענע הייפעלאַך מיטפילער, נאר פון אַ מעכטיקער אַרמיי, פון אַ גרויסער אַרמיי, וואס קעמפט פאַרביטערט, כדי צו נעמען אין אירע הענט די גאַנצע מאַכט און צוקונפט פון דייטשלאַנד.

## VIII.

## ליבקנעכט דער פרעזידענט.

דער פאָלקס־שטורם האט די אַמאָליקע געזעצליכע דייטשלאַנד גלייך אַוועקגעשטעלט אויפן וועג פון פאָל־

קאָמענער, ראַדיקאַלער באַנײַאונג. דײַטשלאַנד איז אַרויס־געטראָטן אויפן ברײַטן וועג פון רעוואָלוציע. די מאַסן האבן געזוניט די שאַרלאַטאַנישע פירער, די פשרה־מאַכער, וואַרפן זײַער אַלטע פּאַרמיטלער־פּאָליטיק און נעמען זיך פאַר די וואַפן. דעם אָפּגאָט פון די יונקערס און בורזשואַזיע—דעם געקרוינטן פעטיש, פאַרטריבן. די גאָטס־פּאָרכטיקע און קייזערגלויבענדע דײַטשלאַנד איז ערקלערט געוואָרן אַלס אַ רעפּובליק.

און אָט דאָ, אין די טעג, ווען דאס אויפגעשטאַנענע פּאָלק פול ענטוזיאַזם און גלויבן אין זײַנע קרעפטן און אין דעם אַז די רעוואָלוציע איז שוין אנגעקומען באַפאַלט און פאַרנעמט דעם געוועזענעם קעניגליכן פּאַלאַץ, שרײַט זי: „עס לעבע דער דײַטשער פּרעזי־דענט קאַרל ליבקנעכט!״.

אין אָט דעם אויסגעשרײַ ליגט ניט נור דער פאַר־לאַנג פון אײַדעלן, שטענדיק געריירטן, דאַנקבאַרן פּאָלק צו באַפרידיקן דער מאַרטירער ליבקנעכטן פאַר זײַנע יסורים, ווײַטאָקן, וואס ער האט אויסגעליטן אין די יארן פון זײַן קאַמף מיט דער רעאַקציע, אַפילו ניט נור אַלײַן דער טיפער גלויבן אירער, אַז נור ליבקנעכט — אין וואס ער ספקט ניט אַ רגע — וועט דערפירן זײַן באַפרײַאונג ביזן נויטיקן ציל.

אין זײַן געשרײַ איז פאַראַן אַ סך אַ טיפערער תוך, וואס דאַרף אָנגעוויזן און אונטערגעשטרײַכט ווערן.

ער באַשטייט אין דעם, וואס ליבקנעכט האט זיך אין גאַנצן אָפּגעזאגט פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע, פון אַלע אירע מינימאַלע לאָזונגען, רעפאָרמען, בלאפערייען און האט זיך ערנסט, ערענטליך, שטייף אַוועקגעשטעלט אויפן מאַקסימאַלן באדן פון אמת׳ן סאציאַליזם.

ליבקנעכט, ווי דאס פאלק שטענדיק, ווען ער ווערט נור ניט פאַרפירט פון זיינע געלערנטע, אינטעליגענטע בעלי־פּירושים, ערקלערער, איז אַ מאַקסימאַליסט ד. ה. ער איז פאַרן פאלקאמען זיג פון דעם פּראלעטאַריאַט איבער דעם קאַפּיטאַליזם און רעגירונג שוין, איצטער, אומגע־זאַמט, ווי אונזער רוסישע ראַטן רעוואלוציע קעמפּט. ווייל ליבקנעכט, ווי דאס פאלק אַליין, איז פאַר דער צייט פון דער מלחמה רעוואלוציאנעריש אויסגעוואַקסן, אַ סך טיפער און ברייטער אנגעהויבן צו פאַרשטיין די ווירקליכקייט. פון פּראסט אַ לינקן סאציאַליסט, אַ אַנטי־מיליטאַריסט, איז ער פאַרוואַנדעלט געווארן אין אַ אומ׳ברחמנות׳דיקן פיינט פון דער גאַנצער היינטיקער געזעלשאַפט מיט אירע פיינליכע פּראבלעמען.

די וויכטיקע עוואלוציע אין אים, ווי אין די אַר־בעטער מאַסן אין גאַנץ דייטשלאַנד, האט די גאַנצע צייט פון דער שענדליכער מלחמה געוואַקסן, זיך פאַר־שפּרייט און געשטאַרקט.

מיט דער שענדליכער מלחמה האבן ווי די בור־זשואַזיע אַזוי אויך אַלע אפּארטוניסטישע סאציאַליסטן

איין מאל פאַר אַלע מאל געעפענט דעם פאלק די אויגען, אָבגעשניטן אים פון זיך.

דאס פאלק גלויבט שוין ניט מער אין פשרות און רעפארמען. ער קעמפט פאַרן סאציאַליזם, פאַר דער פולער און אומבאַדינגטער פאַרניכטונג פון דער אַלטער וועלט.

און מיט אַזאַ פראגראַם זעהט ער שוין די גאַנצע צייַט פון דער מלחמה אויך ליבקנעכטן.

ליבקנעכט איז ניט קייַן טעארעטיק און גרויסער ליטעראַטאר. אויסער אַ פאר בראשורן און אַרטיקלען האט ער ניט אנגעשריבן. נאר ליבקנעכט איז אַ טיכ־טיקער ארגאַניזאַטאר, אַ רעדנער, אַ פאלקס טריבונאַל. נאר ליבקנעכט פאַרשטייַט דערפאַר דעם פאלקס פסיכא־לאגיע, רעדט שטענדיק צו זייַנע קאנקרעטע, נויטיקע אינטערעסן.

צוגעבנדיק צו דעם זייַנע אַנדערע מעלות, ווי אַ קלארן שכל, שטאַרקן ווילן, אויסגעהאַלטענקייַט, קע־נען שטענדיק קלאר פארזעהען און פארזאגן די מאַסן דעם עתיד, געהן צו זייַן ציל אומערשראקן, גלייַך, שטייַף, זייַן טיפן און ענטוזיאַסטישן גלויבן אין די וואַר־הייַט און גערעכטיגקייַט פון זייַנע טריט, אט די אַלע מדות און מעלות, וועלכע האבן זיך נאך פאַרשטאַרקט אין אים פאַר די לעצטע יארן זינט ער האט אנגעע־הויבן פילן, וואס פאַר אַ פאַראַנטוואָרטליכקייַט די היס־טאריע לייַגט אויף אים אַרויף, ווערט גלייַך פאַר־

שטענדליך פאַר וואָס דער געזונטער אינסטינקט פון דײַטשען אַרבײַטער גלויבט ליבקנעכטן און נור ליבק־נעכטן.

און זײַן גלויבן וועט געפינען אַן אָבקלאַנג אין דער גאַנצער וועלט בײַ אַלע די, וועלכע האָבן זיך שוין אויך לאַנג אויסגעלערנט אַכטן און ליבן קאַרל ליבקנעכטן.

צוזאַמען מיט די הײסטע ווינשן דעם פאַרפײַניגטן, אויסגעהונגערטן דײַטשן פּראָלעטאַריאַט, אַז ער זאָל וואָס גיכער פאַרענדיקן מיט זײַנע רוצחים און רויבער די קאַפּיטאַליסטן, באַזיגן זיי און אײַנפירן בײַ זיך די סאָציאַליסטישע פרײַהײַט און וואַרהײַט, שיקן אַלע פריינד פון דײַטשען פאָלק דעם אויסרוף: עס לעבע דער פּרעזידענט קאַרל ליבקנעכט!...

* * *

פּאָסט סקריפּטום.

קאַרל ליבקנעכטס פּלוצלינגע גוואַלד־ערמאָרדונג איז געוויס אַ צו גרויסער פאַרלוסט פאַר דעם דײַטשען פּראָלעטאַריאַט, ווי פאַר דעם גאַנצן רעוואָלוציאָנערן אינטערנאַציאָנאַל.

ניטא מער אויפן שלאַכט פעלד יענץ הײסעס, זו־דיקעס האַרץ, וואָס האָט געברענט אָן אַ אויפהער מיט ליבע, און ליכטיקע האָפנונגען. פאַרלאָשן געוואָרן דער הײליקער פּראָמעטעאוס פײַער, וואָס האָט אַלײן נור קײן מורא ניט געהאַט דורכשפּאַלטן מיט זײַנע בליצן

די פינסטערע נעכט פון דער גרויסער רעאַקציע, מיט זײַן דונער שטימע, מיט זײַנע אויפרופן און אַרויס־טרעטונגען.

ליבקנעכט איז אויך איצט געבליבן טרײַ זײַן הײַ־ליקער שבועה: ניט אַרויסלאָזן די וואָפן פון האַנד ביז וואַנען דאס לײַדענדע פאָלק וועט ניט ווערן באַפרײַט. קײַטן און טראָגנען אַלעס וועט פאַלן אונטער דעם אַר־בעטערס האַנד. די יאַנואַר טעג אין בערלין, וועלכע ער האט צוגעגרײַט פון די ערשטע באַפרײַאונגס טעג זײַנע, זײַנען געווען די לעצטע און שענסטע מינוטן אין לעבן פון דעם מעכטיקן אָדלער.

געוויס איז דער דײַטשער פראלעטאַריאַט פאַר־יתומ׳ט און פאַראָרמט געווארן פאַרלירענדיק זײַן בעסטן, שענסטן און מוטיגסטן קעמפער און פארשטײַער אין דער צײַט פון אַזאַ שווערן קאַמף. ליבקנעכטן איז ניט באַשערט געווען צו ווערן זײַן פרעזידענט ביי זיין לעבן.

נאר אומזיסט איז די האפנונג פון די זיגער, פאַלש זיינען זײַערע טרוימען מיט ליבקנעכטס טויט צו דער־שטיקן די נייע אויפגעשטאַנענע קעמפענדע פאַרן רײַ־נעם סאציאַליזם אין דייטשלאַנד. דאס פאלק וועט זיך ניט אַנטזאַגן פון זיינע אידעאַלן, וועט שוין איצט ניט אבטרעטן זיין ארט דער אַלטער וועלט פון רויב, גזלה און ברודער־בלוט. דער טויט פון זיין געליבטן העלד

וועט אים נור טרייבן נאך מער צו אַרויסוויין זיין קאלעקטיווע שאַפענדע רעוואלוציאנערע מאַכט. באַ זיין לעבן איז ליבקנעכט געווען זיין קאפּ, נאך זיין טויט וועט ער ווערן זיין סימוואל, זײַן פאן, וואס וועט אים פירן אין ווייטערן, נאך מער פאַרביסענעם, אומברחמנותדיקן קאַמף מיט די, וואס פייערן איצטער אויף ליבקנעכטס און טויזענדער אַרבעטערס הרוגים׳ס פרישע קברים זייער שענדליכן נצחון. דייטשלאַנדס ביטערע מאַטעריעלע און גייסטליכע לאַגע נאך אַזאַ שענדליכער מפּלה און פון די אַפּעטיטן באַ ענגליש-אַמעריקאַנער-פראַנצויזישע רודף-שלום׳ניקעס און קולטור-סטראַפּטשעס, וועלען נאך ניט איין מאל נויטן דאס אַרבעטער פאלק אַרויסצוטרעטן אויפן גאַס אין אַ אפענעם קאַמף מיט זיינע אייביקע און נייע סאציאַליסטישע דריקער. אויב ניט ליבקנעכט אַליין, מוז אבער זיין טאַקטיק, זיין נשמה, קאַמפּס-גייסט גובר זיין. דער אייינציקער לאזונג, וואס דאָס ארימע דייטשע פאלק קען אַרויסשטעלן, בלייבט ליבקנעכטס לאזונג: עס לעבע די סאציאַליסטיש-קאמוניסטישע רעוואלוציע!

און דאַן, אין די טעג פון זיין גליקליכן נצחון, וואס מוז אומבאַדינגט קומען, וועט דאס דייטשע פאלק ניט פאַרגעסן זיין צווייטן לאזונג פון די טעג, ווען ער האט צום ערשטן מאל געטרייסלט די טראנען צוזאַמען מיט זיין ליבלינג ליבקנעכטן, געשטורמט דעם גע-

ווענענעם קײַזערליכן פּאַלאַץ: עס לעבּע דער פּרעזי־דענט קאַרל ליבּקנעכט!

מיט לארבּער־בּלומען, מיט קראַנצן פון אַ זיגענדע אַרמײַ וועט דאס פאלק בּאַדעקן זיין פּרעזידענטן-טראָן. אויף דעם ארט פון די דענקמעלער, די, וואס האבּן, ווי אונזער פּאעט עדעלשטאַט זינגט, געהאַט דעם אײַנציקן פאַרדינסט:

„ווער זיינע בּרידער קען פאַרשקלאַפּן,
פאַרגיסן בּלוט, דער איז אַ העלד,
און דיזע הענקער זיינען גראַפן,
מאנאַרכן, קעניגע דער וועלט"! —

וועט דאס פאלק אויסבּויען אַ מאנומענט־פּיעדע־סטאַל דעם, וועלכער האט זיין גאַנצן לעבּן נור געזוכט פאַרגרינגערן דעם פאלקס לײַדן, העלפן אים צורייסן זיינע קײַטן, געבּן אים ליכט, רעכט, לעבּן און זונענשיין.

און דאַן וועלן די קינדער פון דעם אַלוועלטליכן פּראלעטאַריאַט, ווען ער האט אבּגעגעבּן זיינע יונגסטע יארן, מקריב געווען זיינע יונגסטע כחות — דערמאנען זײַער בּעסטן הײַסטן פריינד קאַרל ליבּקנעכטן. און שפּרייזענדיק אין מעכטיקע דעמאנסטראַציעס אין דעם טאג פון זיין און טויזענרער אַרבּעטערס טויט, וועלן זײַ פּארט ניט אויפהערן צו פאַרהילכן די לופט: עס לעבּע דער הײַליקער אנדיינקונג פון דעם רעוואלוציא־נערן פאלקס־געקרוינטן פּרעזידענט קאַרל־ליבּקנעכט!...

# פאַרלאַג „לעבן“

## סעריע „בעלעטריסטיק און פּאָעזיע“.

עס ווערן געדרוקט און גרייטן זיך צום דרוק.

וו אָ י נ י ט ש — די שטעך־פליג (Овод)
דז. ל אָ נ ד א ן — אין אײַזערנעם קלעם (Железная Пята)
—מאַרטין אידן.
וו. ה י ו ג א — דאס 1793 יאר. (אַ היסטארישער ראמאַן פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע).
אַ. ב אָ ג ד אַ נ א וו — דער רויטער שטערן.
„ — אינזשענער מעני.
ק ע ל ע ר מ אַ ן — דער טונעל.
ד ז ש י אָ וו אַ נ י א ל י — ספּאַרטאַק (אַ היסטארישער ראמאַן פון דער רעוואלוציע פון די גלאַדיאַטארן אין אַלטן רוים).
ש פּ י ל ה אַ ג ע ן — אין געשלאסענע רייען (Один в поле не вопн) (אַ פּאליטישער ראמאן פון דייטשן לעבן).
ט ש. ד י ק ע נ ס — פּאַריז און לאנדאן („צוויי שטעט“) (אַ היסטארישער ראמאַן פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואלוציע).
ה אָ מ ע ר ס איליאדע (דער אַלט־גריכישער פאלקס־עפּאס)
ד א ס נ י ב ע ל ו נ ג ע ן ־ ל י ד (דער דייטשער פאלקס־עפּאס).
ד א ס ר אָ ל אַ נ ־ ל י ד (דער פראַנצויזישער פאלקס־עפּאס).
י. ל. פּ ר ץ — פאלקסטימליכע געשיכטן.
ל. נ. ט אָ ל ס ט א י — פאַמיליען־גליק.
„ — די בחור׳שע יארן.

ט ש. ד י ק ע נ ס — דאס קאַלטע (שוואַרצע) הויז.
ט ש. ד י ק ע נ ס — דוד קאָפּערפילד.
" — דאמבי און זײַן זון.
וו אַ ל ט ע ר ס ק אָ ט — אײַוועגהאָ (אַ היסטארישער ראמאַן פון מיטעל=אַלטער, אין וועלכן עס ווערט געשילדערט דאס ריטערליכע און אויך דאס אידישע לעבן).
א. א ו אַ י ל ד — דער יונגער קעניג.
נ. מ אָ פּ אַ ס אַ ן — אויפן ים, וואַלטער שנאַפּס, דער אַלטער. צוויי פרײַנד.
א. ט ש ע כ אָ ו — אין טיפן טאל, שווערע מענשן, אַ מענטש אין אַ שײַדל, וואַנקאַ, דער בורח און אַנדערע ערצײַלונגן.
מ. ג א ר ק י — דער הונגער (אין סטעפּ) און אַנד. ערצ.
ק א ר אָ ל ע נ ק א — יום כפור (דער חפון), מנחם בן=יהודה און דער רוימער פלאר, דאס הויז №13, די רגע, די פײַערלאַך.
ס אַ ל ט י ק א ו ו = ש ט ש ע ד ר י ן — מעשה'לעך: דער קלוגער פּיסקאַר, דער קארעס, דער אידעאַליסט.
ג אַ ר ש י ן — דער פחדן, דער קעסל=שמיד, אַ סיגנאַל. די זכרונות פון ריאַדאָוואי איוואַנאוו אא׳.
ל ע וו אַ נ ד אַ — דער פּוילישער מאַגנאַט (אַ היסטארישע ערצײַלונג פון אידישן לעבן אין אַלטן פּוילן).
וו אַ מ ב ע ר י — מײַן לעבן (זעלבסט ביאגראַפיע פון באַרימטן געלערנטן, רײַזנדן, פארשער און אַנט=דעקער).
אַ. פּ ו ש ק י ן — אויסגעקליבענע שירים.
מ. ל ע ר מ אָ נ ט א ו ו " "
י. ב אַ ל מ א נ ט " "

---

# פאַרלאַג „לעבן״

## וויסנשאַפטליכע סעריע.

1) נעה רבנו און דער קעניג דזַמוואַבי.
2) זי ווגל עע קוועלן פון תנ׳ך (נזגלס נפא „הילגאַמעש״ און אַנדערע).
3) די מצרי׳שע קוועלן פון תנ״ך.
4) פראָפעסאָר ק׳ רניל: די אידישע נביאים.
5) אפרותי—די געשיכטע פון דער גרויסער פראַנ־צויזישער רעוואלוציע (אילוסטרירט).
6) איפּאָליט טען—די פילאזאפיע פון קונסט (מיט פּיל בילדער).
7) ד״ר שולמאַן—וועגן היגיענע (געזונדהייטס־לערע)

## ביאָגראַפישע סעריע:

אָ. דאָבקאָווסקי—וו. ליבקנעכט.
ב. באָראָכאָוו—אַ בעבעל.
ק. קויטסקי—פּ. ענגעלס.
* * — קאַרל מאַרקס.
ב*ראַדין— פּ. לאַסאַל.
א. פּרומעס—וו. וויטלינג.

---

# פאַרלאַג „לעבן״.

## סעריע פאַר קינדער:

ראָבינזאָן קרוזאָ (אַ פאַרקירצטע אויסגאַבע מיט פּיל בילדער).
קיפּלינג—אויסגעקליבענע מעשיות (אילוסטרירט).
סעטאָן־טאָמפּסאָן — אויסגעקליבענע משיות פון

לעבן פון חיות (אילוסטרירט).
בערנעט—דער קלײנער לארד (אילוסטרירט).
סטאל—זילבערנע גליטשער (אילוסטרירט).
זשול װערן—אַ רײזע אַרום דער ערד אין 80 טעג (אילוסטרירט).
זשול װערן — די קינדער פון קאַפּיטאַן גראַנט (אי= לוסטרירט).
זשול װערן — 200.000 װיארסט אונטערן װאַסער (אילוסטרירט).
אגילאר — אין טאל פון טרערן (עמק הארזים).
סערװאַנטעס—דאָן קיכאָט (אילוסטרירט).
שעקספּיר — מעשיות פון זײנע דראַמען (אילוס= טרירט).
א. העלמאַנד און א. מענדעלים—קינדער=לידער (אַ זאַמלבוך פון נײַע לידער מיט נאָטן).

---

## פאַרלאַג „קונסט און לעבן"

ס'דרוקט זיך:
מ. אַרנשטײן — נעמי (אַ דראַמע אין 3 אַקטן).

---


הױפּט פאַרקױף אין בוכהאַנדלונג
„דער האַמער"
Книжный склад „МОЛОТ",
Москва, Лубянскій пр. 6.

